





ב. גוטיאנסקי

# אזעלכע און אזוינע

קינדער־פארלאג באם צ.ק. ל.ק.י.פ.או.

ב. גוטיאנסקי



# אזעלכע און אזוינע




קינדער-פארלאג באם צ. ק. ל.ק.י.ס.או.
כארקאָװ 1936 אָדעס

# דער בעסטער

ווער איז דער בעסטער אין קלאס? — .
אבראשע פאָקראס.

אפ שרײַבן, אפ מאָלן,
אפ לייענען, דערציילן,
אפ פּליוס און אפ מינוס,
אפ קייפלען, אפ טיילן.

דער בעסטער אין קלאס —
אבראשע פאָקראס.

ווער איז דער ריינסטער אין קלאס? —
אויכעט פאָקראס.
דאָס פּאָנעם איז ליכטיק,
דאָס אָנטאָן איז ציכטיק,
די שיך בא אים גלאנצן,
א ריינער — אינגאנצן.

דער ריינסטער אין קלאס —
אבראשע פאָקראס.



ווער איז דער פלינקסטער אין קלאס? —
ווידער פאָקראס.

א לויפער, א שפרינגער,
אפ „סטויקעס״ — א ברען.
א כעוריק, א וועווריק, —
שוין דאָ וואָס צו זען.



דער פלינקסטער אינ קלאס —
אבראשע פּאָקראס.

ווער איז א מײַסטער אינ קלאס? —
ווײַטער פּאָקראס.

א פּודלע אנ אלטע
צעשניטנ, צעשוירנ,
א שיפּ מיט א קוימענ
ווערט טייקעס געבוירנ.

א מײַסטער אינ קלאס —
אבראשע פּאָקראס.

ווער איז א פרײַנד אינעם קלאס? —
טאקע פּאָקראס.

ער שפּילט אפ א קעמל
אונ מעקעט, אונ בילט,
ער קענ זיכ פארשטעלנ,
פאר וואָס נאָר איר ווילט.

א פרײַנד אינעם קלאס —
אבראשע פּאָקראס.

ווער איז א שלאָגלער אינ קלאס? —
אבראשע פּאָקראס.

## „זייער גוט“

I



איך פרעג דיך, מײַע, זאָג מיר,
וואָס קוקסטו אזוי בײז?
דו מיינסט, מיסטאמ, איך ווייס ניט...
איך ווייס!

ביסט באַרויִגעז, האָלעמײַ
האָסט הײַנט אין זשורנאַל א דרײַ.

קומסט צום טאָוול, רעדסטו בוידעם.
ווייסנ ווייסטו, נאָר דו פּלוידערסט:
„פיר מאָל זעכצנ“ זאָגסטו „צוואַנציק“,
„זיבנ זעקסטל“ איז א גאַנצע.
וואַרט א ווײַלע, קום נאָך ווײַטער:
אפ א „ציילער“ זאָגסטו „דײַטער“,
אונ אפ „קודלע“ שרײַבסטו „קולדע“,
אונ אפ „פּודלע“ שרײַבסטו „פּולדע“.
ווער איז שולדיק? —
דו אַליינ.
זאָג, אז ניינ!

הערט זי אויס אונ ענטפערט אָפּ:
— אז סע טומלט זיך אינ קאָפּ,
איך דערשרעק זיך אונ פאַרגעס,
ווײַלע... ווײַל איך בינ נערוועז.



און א האַרץ איז ניט פֿון אײַזן —
ס'הייבט אָן טיאָכקען, מאַכט מען גריַזן.

II

ס'איז דער ווינטער לאַנג פאַרבײַ,
ס'קומט שוין אָן דער גרינער מײַ.
א פּלאַקאַט אין שול איז דאָ שוין,
אַז די פּרוּוונג — אָט־אָט־אָ שוין.

קומט דער לערער צום דירעקטער:
— וואָס וועט זײַן מיט מײַען? — פֿרעגט ער, —
ס'איז מיט איר דאָך זייער ביטער:
אַז זי טרייסלט זיך און ציטערט!

דער דירעקטער קנייטשט דעם שטערן:
— מירן באַלד די זאַך באַקלערן.
קלערט און טראַכט און נאָכדעם זאָגט ער:
— לאָמיר פֿרעגן אונדזער דאָקטער.

טוט דער דאָקטער אָן די ברילן,
זוכט אין צעטל פֿון די שילער.
— וועמען? — מאַכט ער. — גרינבערג מײַען?
פֿון די פּרוּוונג זי באַפֿרײַען!



## III

מײַע גײט פֿאַרבײַ און זעט,
הענגט א מעלדונג אף דער ברעט:

> באפעל נום. 18
>
> לויט דער אָנווײַזונג פון דאָקטער, באפרײַ איך די שילערקע פון דריטן קלאס, מײַע גרינבערג, פון די קאָנטראָל־פּרוּוון. איבערפירן מײַע גרינבערג אין פערטן קלאס לויט די אָפּשאַצונגען פון יאָר.
>
> דירעקטער — כ. קאַצ.

איז דאָך, דאכט זיך, זייער גוט?
הערט־זשע צו, וואָס מײַע טוט.

— ע, — מאכט זי, — נע, — מאכט זי, —
טויזנט מאָל ניין!
איך, — זאָגט זי, — וועל, — זאָגט זי, —
דאפקע שוין גיין!

— ע, — מאכט זי, — נע, — מאכט זי, —
דאָס וועט ניט זײַן!
כ'דארף צום דירעקטער,
און לאָזט מיך ארײַן.

— כאוועך דירעקטער,
דערקלערט מיר, פארוואָס.
כ'וויל צו די פרווונג,
איך האָב א פארדראָס.

— כאוועך דירעקטער,
זײַט רויִק און פעסט:
כ'וועל זיך ניט שרעקן,
ביז זײַן דאָרט נערוועז.

האָט דער דירעקטער
זיך פריילעך צעלאכט:
— קאָך זיך ניט, מײַע,
איך נעם דאָס אין אכט.
נאָר געדענק!

IV

מאָלט אײַך אויס אצינדערט...
נו, א בילד אזא:
דרײַ און דרײַסיק קינדער
זיצן שטיל און שא.

זונען־שטראלן פאלן
אף די ווײַסע ווענט.

זיצט דער לערער צאלע
מיט אנ אסיסטענט.

אפנ טיש א טישטעכ,
אויסגעפרעסט אונ קלאָר,
אפנ רויטנ טישטעכ
קווייטנ איינ א קוואָרט.

א זשורנאל אונ ביכער
מיט א טינט־אונ־פענ —
ס׳איז בא איַכ דאָכ זיכער
פונקט אזוי געווענ.

נו, אונ מײַע? ווארט נאָר...
ווו איז מײַע?.. שאט...
אפ דער לעצטער פארטע
ציטערט, ווי א בלאט.

ווײַס, ווי קרײַד, דאָס פּאָנעם,
אונ די ליפּנ בלאס...
ס׳הייבט זיכ גאָרניט אָנעט!
איכ שפּאס!




דאפקע גאָר פונפאָרנט
זיצט זי זיכ אינ קלאס,
ציטערט ניט א האָר ניט
אונ איז גאָרניט בלאס.

אונ דער קוק איז פריילעכ, —
אונ די באקנ רויט,
גאָר א נײַע מײַע,
גאָר אנ אנדער הויט...

— ווער וויל גיינ דער ערשטער? —
רופט דער לערער אויס.



— איך וויל גיין די ערשטע! —
רופט זיך מײַע אויס.

רויִק און געלאסן
שטעלט זי זיך אוועק,
קנאַקט זי, ווי א וואסער,
וואָס דער לערער פרעגט.

V

מאכט דער וועכטער:
— זאָג מיר, טאָכטער,
ס׳האָט אין הארצן
גוט געטיאָכקעט?

ענטפערט מײַע:
— פעטער מייער,
ס׳האָט געטיאָכקעט,
נאָר ניט זייער.

— „נאָר ניט זייער"!
ווי געפעלט דיר!
וואָס־זשע האָט מען
דאָרט געשטעלט דיר?

— „זייער גוט"
אפּ אַלע זאַכן —
אי אפּ כעזשבן,
אי אפּ שפּראַכן.

VI

ס'איז אַ יאָנטעוו הײַנט אין שול,
און דער זאַל איז פול און פול.
אַ פּרעזידיום אויבנאָן.
מײַע גרינבערג — אויך אין קאָן.

האָט מען וועגן איר גערעדט,
זי פּרעמירט מיט אַ קראָקעט.
דער אָטריאַד האָט איר דערלאַנגט
שרײַב־געצײַג אַ גאַנצן גאַנג.



וואָווע דלוגאַטש פון רײַקאָם —
אַ גרויסאַרטיקן אַלבאָם.

דער אַלבאָם איז איר געפעלן —
זי ס'זיך קוקן, ווען זי ט'וועלן!



# ווער ס׳האָט ליב צוקערקעלעכ

ווער ס׳האָט ליב צוקערקעלעכ
אונ לעקעכלעכ מיט פלעצעלעכ, —
אונ איכ האָב ליב מוטערקעלעכ
אונ שוײַסעלעכ מיט קלעצעלעכ.

כ׳האָב אויסגעבויט א ברויט־זאוואָד
א ריזיקנ, א מעכטיקנ —
מיט הובלענ אונ סטאמעסקעס
וואָלט איכ טאָגנ אונ וואָלט נעכטיקנ.

ווער ס׳האָט ליב פיראָזשנעלעכ,
איריסעלעכ אונ ניסעלעכ, —
אונ איכ האָב ליב א פענדזעלע
אונ פארבנ אינ די שיסעלעכ.

א גאָרטנ האָב איכ אויסגעמאָלט
א ליכטיקנ, א פרעכטיקנ, —
מיט פענדזעלעכ אונ פארבנ
וואָלט איכ טאָגנ אונ וואָלט נעכטיקנ.

# צוויי ליידעקעס

צוויי ליידעקעס
שלאָגן ביידעקעס,
לויפן אין גאס
פּוסט און פּאַס,
פּאַלאָכען די הינער,
וואַרפן זיך שטיינער,
קומט צום לייענען,
איז נישטאָ קיינער,
קומט צום שרייבן,
גייען זיי אַרויס,
קומט צום עסן,
וואַקסן זיי אויס.

ליידעקעס,
פּוילאַקעס, —
אַזוי קענען זיי טאַקע!



# ניאָצע ראָכעס אפּצולאָכעס

אָט איז אונדזער
ניאָצע ראָכעס,
אַלצדינג טוט ער
אפּצולאָכעס.

וואָס מע זאָגט ניט,
וואָס מע רעדט ניט,
וואָס מע הייסט ניט,
וואָס מע בעט ניט:



— ניטע, ניאָצע,
ס'איז פאַרווערט! —
הערט ער גוט
און טוט פאַרקערט:

— שטיי ניט.
שטייט ער.
— גיי ניט.
גייט ער.

— זינג ניט.
זינגט ער.
— שפּרינג ניט.
שפּרינגט ער.

— שטער ניט.
שטערט ער,
— שער ניט.
שערט ער.

— שנייַד ניט.
שנייַדט ער.
— שפּיַי ניט.
שפּייַט ער.

— שרייַ ניט.
שרייַט ער.
און אזוי ווייַטער.

# שעפע די פריטשעפע

אוי, א שעפע,
א פריטשעפע —
זינט איכ לעב!

דעמ — א שמיר,
אונ דעמ — א פלעק,
אונ דעמ — א קלעק.

דעמ א שטופ,
אונ דעמ א צופ,
אונ דעמ א שלעפ.

ס׳איז א מײַסע
אָנ א סאָפ
אונ אָנ אנ עק.

דעמ — א פיסל,
דעמ — א גיסל,
דעמ — א באר.

אפנ לימעד
ניט ער טוט
אונ ניט ער הערט,

דעמ — א באָקסער,
דעמ — א קלעמ,
אונ דעמ — א שפאר.

נאָר ער טשעפעט זיכ,
אונ טשעפעט זיכ,
אונ שטערט.





# קוציע מאלאמוד — טערוצימ אפנ פּוד

ס'איז א יאט בא אונדז פאראנענ,
הייסט ער קוציע מאלאמוד,
האקט ער צענדליקער טערוצים,
טאָקט זיי, בראָקט זיי אפנ פּוד.

דרײַ פּראָגולנ א דעקאדע,
אונ פארשפעטיקט פינעפ מאָל!
מינוס, מינוס, מינוס, מינוס
אָנ א שיר אונ אָנ א צאָל.

די דערציילונג ניט געלייענט,
די טאבעלע ניט געמאכט,
אונ די ליד ניט אויסגעכאזערט,
אונ די העפטנ ניט געבראכט.

פרעגט דער לערער מאלאמודנ:
— זאָג־זשע, קוציע, זאָג, פארוואָס?
— ווײַל סע קלינגט מיר אינ אנ אויער,
אונ סע קיצלט מיר אינ נאָז.

— ווײַל מײַנ באבע האָט געבאקנ
פרישע פלעצעלעכ מיט מאָנ,
אונ באמ זיידנ פלאמט א בעקל,
אונ סע שאָקלט זיכ א צאָנ.



— ווײַל מײַנ מאמע ט׳זיכ צעיאָגט
אונ איז ארופ אפ׳א טראמווײַ,
דער אראָפּ פונ בײדע רעלסנ
אונ געשטאנענ א שאָ דרײַ.

— ווײַל דער טאטע, כ׳מײנ די מאמע,
האָט א לאטע מיר געלײגט,
אונ די מאמע, נײנ, דער טאטע,
האָט פאסאָלקעלעכ געווײקט...

אָט אזוי אפ יעדנ לימעד,
אָט אזוי איז יעדנ טאָג,
ניט באזוכנ אונ ניט לערנענ,
נאָר טערוצימלעכ א שאָק.



# לײדיקע הענט



ווּ ער גייט נאָר דורכ,
בלײַבט נאָכ אים א שפּור:
דאָס לעמפּעלע צעבראָכנ
מיטנ אבאזשור.

אינ וואש־צימער געעפֿנט
אלע זיבנ קרענט,
געפּאָרעט זיכ אינ קיכ,
די האנטעכער פארברענט.



א בלײַער מיט א קרײַדל
האלט ער שטענדיק גרייט,
אונ שרײַבט אונ מאָלט,
אונ דראקעט,
ווּ ער שטייט אונ גייט.

באשריבנ אונ באמאָלט
די טירנ מיט די ווענט, —
אזא מינ שאָדנ־ווינקל,
לײדיקע צוויי הענט!

עפשער קענט איר טרעפן,
ווּ איז פּאַשעס אָרט? —
גיי איך צווישן פּאַרטעס,
קוק אָט דאָ,
אָט דאָרט.



ט'האָב איך שוין געטראָפן,
ווּ דער פּאַשע זיצט,
אָנאָ שטייט א בּאַנק,
צעשניטן און צעקריצט.

דאָס איז פּאַשעס אַרבעט,
כ'האָב עס בּאַלד דערקענט,
קלאָר, אז דאָ־אָ זיצט ער,
פּאַשע „פּוסטע הענט"!

# עסטע די פּעסטע

עסטע די פּעסטע
האָט אזא מינ טעווע,—
רירט מען זי נאָר אָנעט,
וויינט זי אונ זי רעוועט.
לויפט צו דער לערערקע,
הייבט זיכ אָנ צו קלאָגנ:
— ער האָט מיכ געהארגעט,
— זי האָט מיכ געשלאָגנ.
— ער האָט מיכ א שטופּ געטאָנ.
— זי האָט מיכ א צופּ געטאָנ.
— ער האָט מיכ א ביס געטאָנ.
— זי האָט מיכ א ריס געטאָנ.
„ראַטמעכ", „זיאַטמעכ" —
סע זשוזשעט אזש אינ קאָפּ!
— עסטע די פּעסטע,
טשעפּע זיכ אָפּ.



# ייִנגל-צינגל־פּלוידערזאַק

ייִנגל־צינגל־פּלוידערזאַק,
קוואַקעו, קוואַטשקעו, קוד־קו־דאַק,
מיטן דאַשעק אין דער זײַט,
פּויקט און פּילדערט און ער שרײַט.
אַז דער לימעד הייבט זיך אָן,
און דאָס פּלוידערזעקל קאָן ניט,
שטייט ער אויף און טוט אַ גראַגער:



— כ׳בעט אַ וואָרט, איך האָב אַ פֿראַגע:
וואָס איז גרעסער, וויל איך וויסן,
די לעווענע, צי די שיסל?
זאָגט מיר, לערערקע, פֿאַרוואָס
עסן פֿליגן ניט קיין גראָז,

טרינקען ציגן ניט קיין טיי,
אלע ווינטער גייט א שניי,
האָבן קעמלען גרויסע האָרבעס,
און די קאַטשקעס גייען באָרוועס?

ווי עס קומט נאָר די האַפּסאָקע,
לויפט ער אומעט, ווי א קוואָקע:
— קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ,
איך, דער פלוידערזאַק, בין דאָ!

טאָמער עפּעס, טאָמער וואָס,
שטופּט ער אויך אַרײַן די נאָז,
נעמט זיך איבער, מאַכט זיך גרויס:
— קיינער ווייסט ניט, נאָר איך ווייס.

צי הערט מען יאָ, צי הערט מען ניט,
ער שיט און מאָלט, און מאָלט און שיט,
און פּלוידערט אָן א פולן זאַק —
קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קוד־קוד־דאַק.

— ציגל סיקלינגט מיט דיר די גאַס,
זיצסט דאָס צווייטע יאָר אין קלאַס,
הער אויף מאָלן, הער אויף שיטן,
ווערסט נאָך בלײַבן אפן דריטן.

## — ניאָמע, ניאמע, איטע, בערטע

רופט זיך ניאָמע אָן צו ניאמען:
— לאָמיר לערנען היינט צוזאמען.
רופט זיך ניאמע אָן צו ניאָמען:
— ווילסט צוזאמען? היידא, לאָמיר.

קומט צו טאנצן שווארצמאן איטע:
— נעמט מיך אויכעט, איך — די דריטע.
קומט צו שפרינגען לאנצמאן בערטע:
— דו — די דריטע, איך — די פערטע.

זייגער זעקס, און עפשער זיבן,
האָבן אלע זיך פארקליבן
אין א ווינקעלע בא ניאמען,
וועט מען מאכן דיאגראמעס,
און דאָס שרייבן, און דאָס לייענען, —
מ׳עט שוין אלדאָסדינג איניינעם.

אויסגעזעצט זיך בא דעם טישל,
הייבט מען אָן די ביכלעך מישן.
ס׳איז דאָס זייטל הונדערט צווייטע,
אָטאָ דאָס־אָ דארף מען גרייטן:
„וועגן ראטן, וועגן ווילן" —
לייענען, שרייבן און דערציילן.

איינער קוקט אריַין אין ביכל,
איינער קײַט דערוויַיל א קיכל,
צוויַיען שושקען זיך און סוידען,
און דער קאָפּ איז אפן בוידעם.

רופט זיך איטע אָן צו בערטען:
— קום זיך בײַטן מיט די ערטער.
רופט זיך בערטע אָן צו איטען:
— ווילסט זיך בײַטן? הײַדא, ביטע.



זיך געביטן מיט די ערטער,
אָנגעשריבן זיבן ווערטער,
רופט זיך ניאמע אָן צו ניאָמען:
— קום אהינצו, דאָרט איז גראמער.

רופט זיך ניאמע אָן צו ניאָמען:
ווילסט אהינצו? הײַדא, לאָמיר.

ווי מע נעמט זיך צו די בלײַערס,
שטייט אויף איטע, הייבט אָן שרײַען:
— שוין גענוג געשריבן, יאטן,
בעסער מאכן די פּלאקאטן.

רופט זיך ניאָמע אָן צו איטען:
— די פּלאקאטן? הײַדא, ביטע.

רופט זיך בערטע אָן צו ניאָמען:
— כ'קען א מײַסע פון גאזלאָנים.
רופט זיך ניאָמע אָן צו איטען:
— כ'קען א מײַסע פון באנדיטן.

איטע טוט א הייב דעם בלײַער:
— כ'האָב א פאָרשלאג גאָר א נײַעם —
לייגט אוועקעט די פּאפּירן,
קומט א קאפּעלע שפּאצירן.

איז אַוועק באַ זיי א שמועס
פון טראמווײַען און פון דוהעס,
און פון סטענגעס, און פון באנטן,
און פון שאלעכלעך מיט קאנטן.

רופט זיך בערטע אָן צו ניאָמען:
— ס'איז שוין זייגער צען, מיסטאמע,
און א „גוטנ״, און אנטלאָפן,
און אוועקגעלאָפן שלאָפן.

שרײַט אויס איטע: — ס'איז מײַן מויער, —
און א גליטש ארײַן אין טויער.

ניאַמע גענעצט, ניאַמע כראַפּעט,
און אהיים אוועקגעטיאַפּעט.



— גוטע נאכט!
א גוטע נאכט!

— און די לימודים ט'איר געמאכט?

## עטל זינגער

אז א קאָפּ האָט זי א גוטן,
מיט אַן אײַזערנעם זיקאָרן,
און אין קלאַס איז זי געווען
פון די בעסטע פֿאָראױסגאַרן.



ווייל זיך קיינער גאָר ניט גלייבן,
און מע מיינט, ס'איז אפּ געלעכטער,
וואָס מע זאָגט, אַז זינגער עטל
איז אין צעטל פון די שלעכטע.

און מע שושקעט זיכ קעסיידער,
און מע טײַטלט מיט די פינגער:
— אַנאַ איז זי, אַנאַ שטייט זי,
אַנאַ גייט זי, עטל זינגער.

נו, און מיר איז ניט קיינ וווּנדער
אפ אזוי־פיל־אַ אפילע,
ווײַל איכ בינ אינ קלאַס געוועזנ,
כ׳האָב גערעדט מיט אלע שילער.

כ׳האָב געזעענ דאָרטנ עטלעכ
און איר זיצנ בא דער ארבעט,
דארפ איכ זאָגנ אײַכ, כאַווײרים,
ס׳איז א שאנדע און א כארפע.

אז זי קוקט גאָר אפ דער סטעליע
און איז שטענדיק פארוואָראָנעט,
נו, איז וואָס־זשע דאָ דער וווּנדער,
וואָס זי ווייסט ניט און זי קאָנ ניט?



# טיאָכע די צעקראָכע

איַי, ס'א טיאָכע, א צעקראָכע!
ביז ער קריכט ארויס פונ בעט,
הייבט זיכ אָנ אינ שול דער לימעד,
אונ מע האלט שוינ העט־העט...



ביז ער שלעפט ארופ דאָס אָנטאָנ
אונ פארשנירעוועט די שיכ,
קלינגט מענ דאָרט אפ דער האפסאָקע,
לויפט מענ עסנ אינדערגיכ.

ביז ער וואשט זיכ אָפ דאָס פּאָנעמ
ביז ער רייניקט אָפ די ציינ,

שטײט דער קלאס שױן דאָרט אין פאָרן,
אפֿן צװײטן לימעד גײן.

בּיז ער נעמט אַראָפּ דעם מאַנטל,
בּיז ער קריכט אין אים אַרײַן,
האָט דער צװײטער זיך געענדיקט,
און דער דריטער װעט באַלד זײַן.

װאָס־זשע זוכט ער אױף דער סטעליע?
שטײט און קוקט, װי אַ טאָם:
ערשט געװען דאָ זײַנע בּיכער,
און פֿאַרפֿאַלן, װי אין יאַם.

גיכער, קריכער, זוך די בּיכער,
װעסט הײַנט מאַכן אַ פּראָגול,
ס'ענדיקט זיך דער פֿערטער לימעד.
און מע גײט שױן באַלד פֿון שול.



# א שינד אונ א פליק

צום קײַענ איז מיכל
א באלנ א גוטער.
ער גײט ניט אינ שול
אָנ קײנ בײגל מיט פוטער.

א בײגל מיט פוטער
צעגײט זיכ אינ מויל,
דערצו נאָכ א באר —
איז אוואדע דאָכ וויל.

דאָס עסנ איז גרײט,
נאָר — אזא מינ פארדראָס! —
ער וויל עס פארוויקלענ
אונ האָט ניט אינ וואָס.

איז וואָס־זשע טוט מיכל,
אָקטיאבערלעכ, טרעפט:
א שינד פונעם ביכל,
א פליק פונעם העפט.

פאלט ארײַנ מיכלענ
אינ קאָפּ א געדאנק:
באלד וועט ער נעמענ
אונ מאכנ א שלאנג.

וואָס־זשע טוט מיכל?
איר ווייסט שוין געוויס:
א שיינד פּונעם ביכל,
א פּליק און א ריס.



מיכל צעיאָגט זיך,
די שלאַנג הייבט זיך אוף,
ער שיקט אינדערגיך
טעלעגראַמעס אַרוף.

טאַנצט ער אַזש אונטער,
ער ציילט און ער קוועלט:
— צוואַנציק... דרייסיק...
פערציק... א וועלט!



פונ העפט א קארדאשע,
פונ ביכל א שינד,
מאכט ער זיכ טײַבעלעכ,
לאָזט אפנ ווינט.

ער כאפט אינדערגיכ
אונ קערט איבער דעם פעלד,
א מאסקע טער מאכנ
אונ שרעקנ די גענדז.

שערט ער אויס לעכעלעכ
פונקט צו דער מאָס,
צוויי אפ די אויגנ
אונ איינס אפ דער נאָז.

געבליבנ איז מיכל
דערשראָקנ, געפלעפט:
— אָט דאָס איז מײַנ ביכל?!
אָט דאָס איז מײַנ העפט?!

שוינ איינמאָל א מיכל,
א יאט אנ אנטיק.
סע רופנ אימ אלע:
„א שינד אונ א פליק”.



# א לידעלע פונ גיורעג, ווי אזוי זי שרייבט

אָט אזוי־אָ שרײַבט זי, גיורע:
מאכט א קלעק אפ יעדער שורע,
דרײַסיק גרײַזנ אפ א פערטל, —
אז זי פוילט זיכ גאָר א קלער טאָנ!

שטייענ קאָטשערעס פארבויגנ,
אונ כאָטש נעמ ארויס די אויגנ,
פונקט אינמיטנ שטעקט א פלאָקנ,
ביהאָב אפ טויט זיכ אזש דערשראָקנ.





כ׳בינ געוועג בא אלע שכיינים:
— עפשער קענט איר איבערלייענענ?
אלע דירעס אויסגעלאָפנ —
קיינער האָט עס ניט געטראָפנ.

רופט זיכ אָנ די שכיינע ברײַנע:
— עפשער איז עס גאָר ציגײַנערש?

טוט א קוק דער שאָכנ רײַסקי:
— עפשער איז עס אפ קיטײַסקע?

ווערט אינ קאס דער כאוועער בערקיש:
— כ׳גיב מײַנ קאָפּ, אז ס׳איז אפ טערקיש!

טוט א שמייכל נאקעס פּאָטער!
— שאט נאָר, עפשער איז עס טאָטערש?

טוט א לאכ דער קלײנער נאָקע:
— נע! ס'איז פּאָשעט אָנגעדראקעט...

כ'בעט דיכ, כאווערטע, צי כאווער,
ס'איז מיר זײער שטארק ציקאווע:
נעמ באקוק עס אונ באטראכט עס,
פרוּוו אונ שטויס זיכ אָנ, ווי מאכט עס.
טאָמער טרעפסטו כאָטש אביסל,
בעט איכ געבנ מיר צו וויסנ
אינ א בריוו, צי אינ א קארטל, —
האָב אינזינעג, איכל ווארטנ.



# אינהאלט

Видруковано з матриць, виготовлених в друкарні ім. Фрунзе м. Харкова.

---

Одобліт № 1494. Уповнов. Головліту № 4989. Зам № 137. 2¼ друк. арк. 2,35 облік. авт. арк. Формат паперу 72 x 94 1/16. Тираж 3500 прим. Підписано до друку 6-IX 36 р. Чергове видання № 113.

---

Друкарня ім. Леніна, м. Одеса, Пушкінська, 18.

